ב. שאפיר.

# קעלער-שטיבער.

אינהאלט:





פער׳ג: „בינשטאק".

פרייז 1 רובל.





אדעסא
דרוק פון געזעלשאפט „בנרתי"
הרע״ם



# א וואלפען־בערלאגע

ניט אין וואַלד, ניט אין פעלד, ניט אין דער וויסטע, נור אויף דער מאָלדאַוואַנקע, אין אַ הויף, וואו עס וואוינען פיעל לעבעדיגע מענשען, איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין אַ וואָלפען-בערלאגע.

צווישען צוויי הויכע בערג שניי געה איך מיט אַ שמאָל-פּריש=אויכנעטראָטענער סטעזשקע, וואָס פיהרט מיך בארג אַראָב.

איך קום צו צו אַנאונגעפרוירען, מיט שניי בעשאָטען טיהרעל. דאָס טיהרעל עפענט זיך מיט אַ סקריפּ און איך פאַל אַריין אין אַ פינסטערער קאַלטער בערלאָגע.

— איז עמיצער דאָ פאַרהאַן?—פרעג איך.

— יאָ, פאַרהאַן, וואָס דאַרפט איהר וואָס?—ענטפערט פון ערגיץ אַ כמעט פערדומפּעט קול פון אַן אַלטער פרוי.

— באָבע, ראַכט זיך דער „אופּראַוולי‌אַיעשטשע..."—הער איך ווי אַ קינדער שטימע רופט איין אַ סור דער אַלטער.

— וואָס איז ווייטער, אַ?—פרעגט די אַלטע מיט אַ כמעט איבערגעשראָקען קול.

איך נעהם זיך בערוהיגען די איבערגעשראָקענע פרוי, חאָטש איך זעה זי ניט, איך בין געקומען צו איך, זאָג איך אין דערלויפט אַריין... פערשרייבען... פרעגען ווי אַזוי איהר לעבט...—

— נו, נו, וואָסזשע ווילט איהר פון אונז?— לאָזט מיך די אַלטע ניט רעדען.

אַ ביסעל אָפּגעשטאַנען זיך אין דער פינסטערער בער-לאָגע הויבען אָן אַרויסשווימען פאַר מיר שטוב-זאַכען און לעבעדיגע פיגורען: אט זעה איך שוין די אַלטע: זי ליגט אויף אַ שטריק-בעטעל אין שמאַטעס איינגעהילט.

ביי איהר צוקאָפּענס זיצען צוויי יונגלעך מיט אַ מיידעלע, האַלב נאַקעטע, מיט צושויבערטע קעפּ און זעגען מיט זייערע בליצענדע אייגעלעך מעהר העגליך אויף ציגיינער קינדער ווי אויף יודישע. קוקענדיג אויף דער אַלטער מיט איהר צוקריטס איינגעשריפּען פּנים און גרויען קאָפּ האָהר, אויף די קינדער ביי איהר בעט, האָט עס געמאַכט אויף מיר דעם איינדרוק, אַז ביי מיין אַריינקומען צו זיי, האָט די אַלטע דערצעהלט פאַר די קינדער אַ מעשה פון גזלנים אָדער פון שדים און כשוף... די קינדער האָבען זיך געטולעט איינס צום אַנדערען און האָבען געקוקט אויף מיר מיט דערשראָ-קענע ווילדע אייגלעך...

— וואו איז אייער טאַטע, די מאַמע?—פרעג איך. די קינדער קוקען זיך איבער איינס מיט אַנ׳אַנדער און טולען זיך צו דער אַלטערס צוקאָפּענס. די אַלטע וואָרטשעט, וואָרטשעט, עפּענט דאָס מויל אָהן ציינער און ענטפערט ביי:

— צו וואָס דאַרפט איהר דאָס אַלץ וויסען? וואָס ווילט איהר פון אונז?

— איהר נויטיגט זיך אפשר אין אַ דאָקטאָר... אין שטיצע...—הויב איך ווידער אָן, אָבער די אַלטע

לאָזט מיך ווײַטער ניט רעדען און צו בײַזוערט זיך:
„ווער בעט אײַך!? נעהט אײַך געזונטערהײַד און לאָזט אונז צו רוה!"

— אָבער?..

— אָבער, אָבער! מיר זענען אײַך גאָר ניט שולדיג, מיר... מיר... און נעהט אײַך געזונטערהײַד:

אונטער דער טיהר האָט זיך פּלוצים שווערע סקריפּענדיגע טריט דערהערט.

— דער זײדע!—האָט איין קינד אַ שעפּטשע געטהון בסוד.

נעהט, נעהט אײַך!—האָט די אַלטע בײַז מיך נעטריבען. עס האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער שטויס אין טיהר און גלײַך נאָך דעם איז אין דער בערלאָגע אַרײַן אין נעבל אײַנגעהילט אַן אַלטער מאַן אין אַ קורצען פּעלץ מיט אַ זאַק אויף די פּלײַצעס. דער וועהענדיג מיך האָט ער אַ שמיץ געטהון דעם זאַק אין ווינקעל און זיך אַ שטעל געטהון פאַר מיר מיט אָנגעשטרענגטע בײַזע רויטליכע אויגען: „ווער זענט איהר? וואָס דאַרפט איהר דאָ?"

— איך... האָב איך אָנגעהויבען—אָבער דער אַלטער גרײַז האָט אַ קלאַפּ געטהון דעם שנײַ פון די שטיוועל, מיט דער נאַנצער האַנד אַ נעהם געטהון זײַן ווײַסע אָנגעפּרוירענע וואָנסע און געזאָגט קורץ און שאַרף:

— עך, וואָס דולט איהר אונז אַ קאָפּ! מיר ווילען ניט וויסען פון אײַך און לאָזט אויך אונז געמאַך!

בײַ די װערטער האָט ער אַ שװערען שפּרײַז געטהון צו דער מיחר און זי שװײַגענדיג בײַז אויפגעפּראַלט... דאָ האָב אין גלײַך פערשטאַנען, אַז איך מוז דעם װעג נעהמען, בײַ מײַן ערשטען טריט אַרויס צוגעהן האָב איך בעמערקט, װי די קינדער האָבען זיך װי הונגעריגע װעלפּעלעך צום געבראַכטען זאַק געװאָרפען...



# א „חתן״.

דער טאַטע איז אַ ציַיטונגס-פערקויפער. די מאַמע—נעהט מיט קוישען אַרום, צוויי יונגלעך מיט אַ מיידעל פון אַ יאָהר נײַנצען—אַרבײַטען אין פאַפּיראָסען-פאַבריק. דאָס איז אַ יודישע פאַמיליע, וועלכע וואוינט אין אַ קליין שטיבעלע אויף דער מאָלדאַוואַנקע און, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס אַלע מיטגליעדער פון דער פאַמיליע אַרבײַטען און פערדיענען, לעבט מען פונדעסטוועגען אין גרויס דחקות.

דאָס מיידעל, וואָס פערמאָגט צוויי שענע אויגען מיט אַ לאַנגען שוואַרצען צאָפּ, נאָר קיין שענע מאָדנע קליידער ניט—האָט פונדעסטוועגען איינגעצען נאָר איין יונגענמאַן, וואָס גערט שוין אַרײַן פון אַ צייט „צו איהרע עלטערען אין שטוב״, חאָטש אין אמת׳ן „אוכא-זשעוועט״ זי נאָך אנדערע „שענע״.

דער הויף קאָן שוין גוט דעם דאָזיגען „שענעם״ פאַר אַ „פערדיענסטען״ און „טעלעגענטען״ יונגענמאַן; מען שמועסט דאָרט צווישען זיך, אַז ער מיינט טאַקע ערנסט מיט איהר חתונה צו האָבען, און זאָל איהר נאָך העלפען: אַ פיין קינד, אַ שטילע טויב. נאָר נישט ווי אַנדערע „פּאַפּיראָסניצעס״.

טאַטע-מאַמע זענען געווים צופריעדען. אַ יונגער-מאַן, וואָס האָט די גאַנצע וואָך אין זינען פרנסה און נאָר איין מאָל אין וואָך קומט ער צו זיי אין שטוב. אָבער ווי ליעב ער האָט דאָס זייער קינד!

שבת פאַרנאַכט ווערט דאָס מײדעל פרײ ביז מאָנטאָג אין דערפריה. ארום זעקס א זײגער נעהט זי פון דער אַרבײט מיט דער „פּאָלושקע" פאַר דער וואָך.

אין דער זעלבער צײט שטעהט אויפ'ן ראג פון דער גאס אַ יונגער בחור נאַנץ עלעגאַנט פערפוצט און מיט אַ שוואַרצען שטאק, וואָס האָט אַ ווײסע בײגערנע נאַלקע, אין די הענד. ווען ער דערזעהט פון ווײטען דאָס מײדעל פון דער ארבײט געהן, ווערט ער אויף אַ ווײלע אַנטרינען אין אַ טויער פון אַ הויף; ווען אָבער דאָס מײדעל קומט אונטער נאָהענט צו דעם הויף, אין וועלכען זי וואוינט, חאַפּט דער בחור אַ דראָזשקע און „שמײסט" צו מיט רעש צו דעם זעלבען הויף... זי האָט איהם שוין בעמערקט. ער הויבט אונטער זײן קאַפּעליוש, גרוסט זיך צו איהר פון דער דראָזשקע אַראָב גאַנץ פײן, ווי עס פּאַסט פאַר אַ „דזשענטעלמען" און בעצאָהלענדיג מיט ברײטקײט דעם דראָשקאַר, נעהט ער רעש'יג צו צו איהר, גיעט איהר די האַנד און נעהט מיט איר „צו איהרע עלטערן אין שטוב".

מיט זײן קומען הויבט אָן אויפלעבען די שטוב גאָר אויף אַן אַנדער אויפ'ן: אײנער פון די יונגלעך לויפט באַלד מיט אַ גרויסען טשײניק אין קלײטעל טהע פאַרען די מוטער לויפט איבער'ן וועג אין קאָנדיטערסקע, דאָס מײדעל וואַשט זיך אין קיך מיט פאַרפומען-זײף, און דערווײל פערפיהרט דער פאָטער אַ געשפרעך מיט'ן יונגען-מאַן, פון הײמליכקײט ווענען.

די אָרעמע שכנים פון הויף, וואָס האָבען אויך

מײדלעך שוין צו לײטען, וענען מקנא די ארעמע מאמע-מאמע אויף זײער רײכען מזל די מײדלעך אלײן שטרײכען זיך אן דער „כלה״ וועלכע איז פון איהר זײט חושד די מײדלעך, אז זײ ווילען אבשלאגען בײ איהר דעם „שע-נעם״. אויף דער נאכט ווען די „חתן כלה״ קומען פון שפאציער ווערט ערשט אויף ס'נײ פרעהליך אין שטוב. דער יונגער-מאן האט אנגעקויפט מיט'ן וועג גוטע זאכען און מען לאזט זיך וואויל נעהן. אזוי פערברענגט מען ביז מען פערמאכט דערווײל דעם טויער און דער יונגערמאן, וואס אײלט זיך כלוזטר'שט אוועקצוגעהן, בעדויערט שטארק, וואס ער וועט דארפען קלאפען בײ. זיך אין דער הײם, וואו מען לענט זיך פריה שלאפען.. ער בלײבט סוף כל סוף נעכטיגען בײ „איהרע עלטע-רע אין שטוב״.

זונטאג גאנץ פריה בעווײזט זיך דער „חתן אין הויף, וויא א הײמישער מענש אין די ווײסע ארבעל, מיט א בלויזען צושויבערטען קאפ און מיט א ווײסען האנדטוך אויפ'ן אקסעל: ער געהט צום קראנט וואשען זיך מיט זײן „געליעבטערם פארפומען-זײף״. נאכדעם קויפט ער פרישע בײגעל בײ דער יודענע, וואס קומט ארײן אין הויף מיט א ליארם: „בײגעל פרישע בײגעל!..

אין דעם טאג קאכט די מאמע א ברײטען וואר-מעס, פון וועלכען מען לאזט דעם פאטער זײן חלק אויף פאר נאכט.

מאנטאג גאנץ פריה, ווען דאס שענע מײדעל געהט אויף דער ארבײט, געהט מיט אנ'אנדער נאס א אבגעריסענער בחור מיט א פוצער-קעסטעל אויף אײן אקסעל אויפגעהאנגען און אויפ'ן צווײטען טראגט ער א

צוזאַמענגעלענטען קאָסטיום. דעם קאָסטיום טראָגט ער אַרײַן אין אײנעם פון די טאָלשאָק־קלײטלעך, בעצאָלט די לעצטע קאָפּיקעס פראָקאַט פאַר איהם און נעהמט אַוועק איך אײנע פון די צענטראַלע גאַסען; דאָרט זעצט ער זיך אַוועק אויף אַ ראָג שטיוועל פוצען, אז הויבט ווידער אָן זאַמלען אַ קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע, כדי ער זאָל דעם קומענדיגען שבת ווידער האָבען אויף אַ קאָסטיום צו נעהמען, אויף אַ דראָשקע און אויף די פרישע בײגעל, וואָס די יודענע וועט אַרײַנ־ברענגען אינ׳ם הויף פון זײַן געליעבטער.



# א „כלה".

איך קום אַראָב אין אַ קעלער, וואָס בעשטעהט פון אײן צימער. אין דעם אײנעם צימער האָב איך באַמערקט: אײַן בעטעל, אײַן טישעל, צווײ בײנקלעך און אַ מײדעל פון אַ יאָהר אַכצעהן־נײַנצעהן. דאָס מײדעל איז אַ ביסעל צוגעפוצט, צונעפאַרבט, און נעטראָפען האָב איך זי שטעהען פאַר׳ן שפּיגעל מיט צעלאָזטע האָהר און מיט אַ קאַם אין דער האַנד.

באַ מײַן אַרײַנקומען האָט דאָס מײדעל מיך אָנגעקוקט אַביסעל פערוואונדערט אַביסעל דערשראָקען און נאָכדעם נעפרענט:

— וועמען, צו וועמען דאַרפט איהר?

— איהר וואוינט דאָ אַלײן, צי מיט עלטערן? האָב איך אַ פרעג נעטהון!

— מיט... ע, ע...-האָט זי געשטאָמעלט מיט אַ שמייכעל אויף די ליפּען— מיט עלטערען.

— וואָז זענען אייערע עלטערען?

— אין נאָס אַוועק האַנדלען!—שיסט זי פּלוצים אוים מיט אַ געלעכטער.

— וואָס לאַכט איהר, פרײלין? פרעג איך און האַפּ אַ זײַטיגען קוק אין שפּיעגעל...

— חאַ, חאַ, חאַ! צו וואָס דאַרפט איהר דאָס אַלעס וויסען?—פרעגט זי.

איך ערקלער איהר די אורזאַכע פון מיין בעזוך און פרעג:—מיט וואָס האַנדלען אײַערע עלטערען?

— מיט סחורה האַנדלען זיי...—לאַכט זי ווײַטער.

— ווי אַזוי לעבט זיך אײַך?

— אַזאַ יאָהר אויף מײַן מאַמען! איהר קענט מײַן מאַמע?

— ?...

— וואָס קוקט איהר אַזוי אויף מיר?

— ווער איז אײַער מאַמע אײַער טאַטע?

— מײַן טאַטע... אַ וואוילע יודענע די מאַמע מײַנע נאָר ניט קײן געזונדע...—לאַכט ווײַטער דאָס מײדעל.

איך הויב אויך אָן ניט ווילענדיג שמייכלען, אָבער איך אלט זיך אָב און, בעקוקענדיג כלומרשט די שטוב, פרעג איך:

— זאָגט מיר איך בעט אײַך, ווער זענט איהר און וואָס טהוט איהר דאָ?

— ווער איך בין?—ענטפערט זי און ניט דער-

ביי אַ קנאַק מיט'ן צינג—אַ כלה בין איך... מיין חתן איז אַ קומי... אַ שענער זאָל איך שוין האָבען אַזאַ יאָהר. אָבער זיי לאָזען מיך ניט חתונה האָבען מיט איהם.

— ווער זענען די „זיי"?

— מיין טאַטע-מאַמע, פערחאַפט זאָלען זיי ווערען!

— ענטשולדיגט, פריילין, איך הויב אייך ניט אָן צופערשטעהן.—זאָג איך און בעט זי זאָל מיר דערצעהלען ווער זי איז.

אָבער דאָס „כלה-מיידעל" ניט פלוצים אַ פּאַטש מיט די הענד, צעלאַכט זיך און שרייט אויס:

— אוי, זענט איהר אַ נעבראָטענער יאָלד! צו וואָס, זאָגט מיר, זענט איהר געקומען אַ הער?...———

איהר געלעכטער האָט מיך בעגלייט ביז אַ צוויי-טער מהיר פון אַ קעלער-שטוב.



# צוויי מיידלעך.

איך נעה אראב עטליכע טרעפלעך און עפען א טיהר. איין צימערעל מיט א קיך. פון דער קיך זעצט א רויך מיט א טשאד פון געקאכטען וואקס אין שטוב. ביים טיהר זיצט א יונג שען מיידעל און פלעכט וואק־סענע בלומען,־קרענצלעך. פון דער קיך קומט ארייין א פרוי אין מיטעלע יאהרען, מיט א אוינעטיטשעט בלייך פנים, זעהט אוים אזוי, ווי זי וואלט שוין עטליכע טעג אין קבר געלעגען. אט מיט דער פרוי פערפיהר איך א שמועס, און עס ווייזט זיך ארוים, אז זי איז נאך א „פרייליו". דאס 37-טע געהט איהר שוין, האט זי געזאגט. און קיין איין גוטען, ליכטיגען טאג האט זי נאך ניט געהאט אין איהר לעבען. שוין פינף און צוואנציג יאהר ארבייט זי ביי די בלומען. פונפצעהן יאהר אויף די פאבריקען געארבייט, טאטע־מאמע מיט א יונגערען ברודער געהאדעוועט. און ווען זי איז קראנק געווארען, „אויפ'ן הארצען" — האט זי אנגעהויבען ארבייטען ביי זיך. צעהן יאהר ארבייט זי שוין ביי זיך. האלט אוים די אלטע מאמע מיט'ן ברודער, וועל־כער דיענט איצט און מען מוז איהם אפט א פאר רובל צושיקען. דער פאטער איז מיט א יאהר זעקס צוריק, געשטארבען פון שווינדזיכט און די דאקטוירים זאגען אז די טאכטער געהט איצט ארום מיט דער זעלבער שלאפקייט. זי ארבייט אוים, צוזאמען מיט דעם פרעמדען מיידעל, וואס ארבייט ביי איהר שוין א

יאָהר דריי —פון דרייסיג ביז פערציג רובל אַ חודש, פון דעם געלד צאָהלט זי דעם מיידעל אַכט רובל אַ חודש, דירה־געלד—אַכט רובל, און מיט'ן איבעריגען לעבט זי מיט דער מוטער און האַלט נאָך אונטער דעם ברודער.

פון חתונה האָבען טראַכט זי שוין אַפילו ניט... ווארום, וואָס זאָל מען זיך נאַרען קיין נדן האָט זי ניט און אָהן נדן האָט זי אַפילו אין די יונגערע יאָה־רען ניט געקענט קומען צו קיין „רעכטען" שדוך נעהמען אַבי וועמען האָט זי ניט געוואָלט בפרט איצט ווען זי איז שוין ניט קיין יונג מיידעלע און דערצו מיט אַנ'אַלטער, קראַנקער מאַמע—ווער וועט זי וועלען אָהן נדן.

די גאַנצע צייט פון דעם געשפרעך, איז דאָס יונגע מיידעל, די אַרבייטערין, געזעסען מיט'ן קאָפּ צוגעבויגען צו דער אַרבייט און אָפט מאָל ווי איך האָב בעמערקט, געחאַפּט אַ קוק אין שטיקעל שפּיגעל וואָס ליגט געבען איהר אויפ'ן טיש. זי האָט זיך אַלע מאָל אומגעקוקט צו אונז מיט איהרע גרויסע גלאַנצענ־דע אויגען און פעררויטעלטען פנים און פון צייט צו צייט האָט זי פאַר זיך שטיל געזונגען עפּעס אַ ליעדעל פון וועלכען איך האָב געחאַפּט נאָר די עטליכע ווערטער:

„אוי, ווער ס'איז מיר מקנא,
„זאָל ער אויף מיין שטייגער
„איבערקומען באַלד!
„איך האָב געליעבט אַ יונגעליע,
„האָט ער זיך פערבלאָנדזעט
„אין אַ טיעפען וואַלד..."

איך פרעג דאָס מיידעל, נוי אַלט זי איז.

— דאָס נײַנצעהנטע!--ענטפערט זי און פער-שעמט זיך.

— האָט איהר שוין אַ חתן?

נאָך וואָס פאַר אַ חתן.--ענטפערט פאַר איהר די עלטערע—מײַנע אַ שוועגערין וועט זי זײַן. זי וואַרט אויף מײַן ברודער, ער האָט נאָך אינגאַנצען צוויי יאָהר צו דיענען.

איך האָב די צוויי מיידלעך אַלעם בעסטע געוואונשען און אוועק פון זיי מיט טרויעריגע געדאַנקען.



# אַ פרעהליכער קבצן.

אַ נידריג צימער מיט צוויי קליינע פענסטערליך, וואָס קוקען ווי פערטרערהרטע אויגען אין הויף אַרויס. אין דעם צימער געפונען זיך: אַ שטאָלען בעטעל מיט אַ פּאָר קישענס, אַ טיש מיט אַ פּאָר ביינקלעך אַ נעה-מאַשין און ניין לעבעדיגע נפשות — אַ פּאָר פאָלק מיט זיעבען קינדער.

דער טאַטע פון די זיעבען קינדער הייסט קלמן און ער האַנדעלט מיט אַלטוואַרג. די מאַמע הייסט פיינע מירעל און זי נעהט מאַנרעטנע וועש פאַר'ן מאַלטשאָק.

אויף מיין פראַגע, ווי אַזוי עס לעבט זיך זיי, האָט קלמן מיט אַ ווייציגען טאָן געענטפערט:

— אָ, זעהר גוט! ס'הייסט ניט אַזוי גוט ווי פרעהליך. מיר ביידע, למשל, ס'הייסט איך מיט מיינער — פערדיענען מיר דורכ'ן חודש אַזוי פיעל, וויפיעל אָט די האַליאַסטרע, זאָל לעבען, איז אומשטאַנד אויפצועסען אין אַ משך פון דריי טעג... היינט פּער-שטעהט איהר שוין, אַז ווען זיעבען טעלער, קיין בייז אויג, ניבען מיט איין מאָל אַ זאָג: עסען!

— אוי, וואָס מאַכסטו זיך נאַריש! — מישט זיך אַריין דאָס ווייב — דער מענש איז דאָך געקומען וועגען אַ וויכטיגער זאַך און דו...

— מען פרעגט דיך ניט. טהו דיין אַרבייט און שווייג! — האָט קלמן זיך אַ בייזער געטהון אויפ'ן ווייב.

די קינדער האָבען פלוצים אויסגעשטען מיט אַ געלעכטער און ווי די מײַז אין די ווינקלאַך זיך בעהאַלטען.

— איהר הערט אַ חברה?—זאָגט ווײַטער קלמן —און פון וואַנעט האבען זיי זיך גענומען אויף מײַן קאָפּ? דאַכט זיך [illegible]ך ווײַם פון נאָר נִיט. מען קומט אַ מאָל פון נאַם אַ אָנגעפרוירענער... אין שטוב איז אויך נִיט וואַרעם... נו דערלאַנגט מען די הענד דעם חײַב זי זאָל אויף זיי אַ הויכקע טהון... דאַכט זיך וואָס... אָבער ווען איך געה צו צום שאַפקעלע אַ שטיקעל ברויט זוכען, אַ אַ דאָרט ליגט שוין אַ פּידס-ווינעק אין נישטערט, זוכט שוין אויך ברויט... אָבער דאָס ווי זאָגט איהר, וואָלט נאָך געווען צו דערלײַדען, ווען דער בעל-הבית וואָלט אַזוי געזונד ניט גערענקט דעם טערמין פון דירה געלד, און ווען די קעלט וואָלט אַזוי שטאַרק נִיט ליעב געהאַט אונזער שטוב.

— קלמן!—רופט זיך אָב דאָס ווײַב מיט געבעט.

— וואָס ליובע, ס'איז דיר קאַלט, אַ?

די קינדער פון די ווינקלען אַרויס בלישטשען מיט די אײַגלעך און שטיקען זיך פון געלעכטער.

— און פון וואַנען נעהמט זיך דאָס צו אונז אין שטוב אַרײַן אַזאַ קעלט?—זאָגט קלמן אמת מיר הייצען נִיט דעם אויווען, אָבער שטעלט אײַך נאָר פאָר מיר זענען קײַן בייז אויג נײַן מײַלער, און אַז יעדער בויל גיעט נאָר אײַן זיפּץ, אײַן קרעכץ „אוי"—וואָלט דאָך שוין פון דעם „אַלײַן געדאַרפט זײַן וואַרעם בײַ אונז אין שטוב... און דאָ איז אַזוי קאַלט, וואָטש קריך אונטער דער איבערבעט...

איהר' הערט דאָך: היינטיגען זימער האָב איך זיך מישב געווען און האָב אַריינגעפּאַקט די זון אין שאַפּ־קעלע, וואָס געפינט זיך ביים אויבען, און האָב זי דאָרט גוט פערמאַכט. זאָל זי דאָרט ליגען, האָב זיך געטראַכט ווינטער, ס'ווערט קאַלט אין שטוב, האָבען מיר די זון און וואַרעם זיך געבען איהר, וויפיעל דיין האַרץ גלוסט.

האָט מיר אָבער נאָט צוגעשיקט אַ חאַליאַסטרע, וואָס איז תמיד הונגעריג זענען זיי איינמאָל געקראָכען צום שאַפּקעלע זוכען ברויט און האָבען דערוויל די זון דורכ'ן קוימען אַרויסגעלאָזט... נו, נו פרעגט שוין נאָר ניט, ווי קאַלט ס'איז אונז אָהן איהר.

—הערט, יונגערמאַן!—האָט זיך פלוצים געווענ־דעט צו מיר פיינע־מירעל,—מיט איהם וועט איהר ניט אַרויס אַזוי גיך. הערט וואָס איך וועל אייך זאָגען: אונזער לאַנגע זאָל נאָר פאַר נאָט קומען איהר זעהט אַליין וואו מיר וואוינען. ניין מענשען אין איין שטיבעל. די קינדער לעהרנען זיך ניט אין ערגעץ. הונגעריג אוף זיי וואַרט דער מאַמעס האַרץ מיט בלוט פערנאָסען, און ער... העט!

זי איז אַנשוויגען געווארען און האָט צוגעטראָגען אַ שטיקעל לייווענד צו די אויגען.

— ס'איז אַ נעהטיגע זאַך איהר מעגט עס פערשרייבען!—האָט קלמן אַ זאָג געטהון אָנווייזענדיג אויפ'ן ווייב,—און אַז איהר [illegible] שוין האַלטען אין שרייבען, מעגט איהר [illegible] אויך [illegible]שרייבען. וואָס האַרט עס מיך, ס'וועט מיר [illegible] דען חלילה [illegible]שאַדען צו דער פרנסה...



# פערלאג „בינשטאק“ או

1) ב. שאפיר. קעלער־שטיבער . . . . . . . . . . פרייז 1 רובל.

2) ז. שניאור. פראזא און לידער . . . . . . . . . 2 „

3) ב. שאפיר. פישעלע (רוביש) . . . . . . . . . . 1 „

מיט בעשטעלונגען זיך ווענדען:

1) Книгоизд. „БИНШТОКЪ“ Одесса, Базарная 45-44, Б. Шафиру.

2) Издательство „МОРІЯ“, Одесса.

